די־אָ לידער־זאַמלונג, וואָס דער דיכטער שלמה רויטמאַן ז״ל האָט צונויפגעשטעלט און צוגעגרייט צום דרוק עטלעכע חדשים פאַר זײַן פטירה, דערשײַנט אַדאַנק דער הילף פון פראָפ. **א. פלאַקסמאַן** און **ד״ר עדואַרד גוטמאַן**, דעם דיכטערס פרוי **קלאַראַ**, און דעם הילפספאָנד בײַם פאַרלאַג „ישראל־בוך".

שלמה רויטמאַן

# ווען זאַכן דערוואַכן

## פֿאָלקסטימלעכע לידער




פֿאַרלאַג „ישׂראל־בוך"
הילפֿספֿאָנד פֿאַר ייִדיש־שאַפֿונג
תל־אביב, תשמ"ו — 1986

שלמה רויטמן
כשחפצים מתעוררים
שירים בנוסח עממי
(מעזבונו)

שלמה רויטמאַן
ווען זאַכן דערוואַכן
פֿאָלקסטימלעכע לידער
(פֿון זײַן איבערבלייב)


Israel Publishing House
4, Itamar Ben Avi st., Tel-Aviv, P.O.B. 1777

פֿאַרלאַג „ישראל-בוך"
הילפֿספֿאָנד פֿאַר ייִדיש-שאַפֿונג אין ישראל

**Printed in Israel, 1986**

**נדפס בישראל, תשמ"ו**

דפוס „אורלי" — פרידמאַן, תל-אביב, טל. 372062

פּראָפ׳ אייזיק פלאַקסמאַן

# אין דינסט פון פאָלק

אָט די זאַמלונג וואָס טראָגט דעם האַרציק־פּשוטן טיטל: „ווען זאַכן דערוואַכן" איז דאָס זעקסטע לידער־בוך פונעם פּאָעט שלמה רויטמאַן ז"ל, און איז פון זײַן איבערבלייב.

אין אָט דעם בוך קומען אַרײַן לידער שוין באַקאַנטע און לידער נײַע, אומבאַקאַנטע. דער דיכטער וואָס האָט אַזוי פיין באַהערשט אַלע פּאָעטישע פאָרמען, פון דעם פאָלקסטימלעכן נוסח ביז דער מיוחסדיקער פאָרעם פונעם סאָנעט, האָט אויך די איצטיקע זאַמלונג געשריבן אין אַ באַזונדערער פאָרעם — אין אַבט־שורהדיקע סטראָפן.

אונדז ווײַזט זיך אויס אַז דער גרויסער פּאַטאָס איז דער עיקרדיקער נערוו פון דעם דאָזיקן פּאָעט בשעת די דערינערונגען ווערן באַלויכטן מיטן געפיל פון חוב. נישט נאָר און בלויז רופט ער אַרויס פונעם עבר טייערע פּנימער־געשטאַלטן, נאָר זײַן זכרון ווערט אויך געשטיצט פון דער זאָרג, אַז אין דער צוקונפט זאָל זיך פאַרהיטן די פאַרבינדונג פון צײַטן און די מענטשן זאָלן נישט פאַרגעסן די נסיונות פונעם עבר.

אין די קורצע אַפאָריסטישע שורות זעט זיך אָן אַן ערנסטער פּאָעטישער קרעדאָ — אַ פּרינציפּ וואָס שלמה רויטמאַן האָט דורכגעטראָגן אין זײַן גאַנץ לעבן. די אָרגאַנישע באַהעפטונג פונעם פאָלקלאָרישן אינהאַלט מיט דער אַפאָריסטישקייט פונעם ליד, מיט אַ לוסטיקן הומאָר — מיט אַ כאַראַקטעריסטישער בילדלעכקייט וועלכע איז אַזוי אייגן דער אינטאָנאַציע פונעם מעשהלע, ווו די שאַרפקייט פון וואָרט דערגייט צום הויכפּונקט.

די מוזע פון פלאַמיקער סאַטירע האָט געגעבן רויטמאַנען איר בײַטשל און אַ טייל פון זײַנע סאַטירישע לידער זענען אויף דער הייך פון יווועניאַשן (וועגן די פאַרטייען א.א.) די לידער פאַרחידושן מיט זייער וויטזעוודיקייט וואָס איז פון אַ מין הײַנישער באַפאַרבונג.

שלמה רויטמאַנס דיכטונג איז בעיקר אַ לירישע, אַ טרויעריקע, אַ פאַרשײַטע און אַ נסתּרדיקע. צומאָל אויך אַ פאַרשווענדערישע וואָס האָט פון לאַנג שוין

געפונען אַ ווינקעלע אין האַרץ פונעם לייענער. און נישט נאָר צוליב אירע קינסטלערישע מעלות, נאָר אויך צוליב דעם וואָס זי איז אין איר מהות אַ פּאָעזיע פון נישט־וועלקנדיקער יונגקייט. זי איז האַרציק, אוממיטלבאַר און פאַרמאָגט אין זיך דעם אמת פון געפיל און פון אויפריכטיקייט אָן אַ מאָס.

ווי אַ קינסטלער פון וואָרט איז שלמה רויטמאַן אויך געווען אַ חסיד פון שאַרפער מעטאַפּאָרישער אויסדריקלעכקייט. זײַן ווערטער־אוצר — אַ גרויסער, אַ פאַרביקער און רײַך אין אינטאָנאַציעס. ער האָט באַהערשט די בייגעוודיקייט פון שטייגערישן רעדנסאַרט און פון אומגעוויינלעכע בילדער וואָס זענען נאָענט דעם פאָלק־אויפנעם און פלעפן מיט זייער ריינקייט און אוממיטלבאַרקייט. אין זײַן פאָלקסטימלעכן ליד געפינט איר אַן איבערגעגעבנקייט און אַ צאַרטע, כמעט הייליקע באַציונג צו זײַן מוטער, באָבע, זיידן, שוועסטער און — טאַטן („דעם טאַטנס טלית", „איך שפּיגל זיך אין דער באָבען", „דער מאַמעס ניגון") און אַ פאַרקערפערונג פון די הויפּטשריכן פון דער נאַציע. זײַן ליבשאַפט צום נאָענטן, זײַן אַלטרואיזם, זײַן אויפריכטיקייט; דאָס גוטווינטשן, דער געדולד — דאָס אַלץ פאַרבונדן און פאַרקניפּט מיט טאַלאַנט מיט אײַנגעבוירענעם באַצי צו וויסן, צו קולטור, האָט אים געמאַכט פאַרשטיין און פילן דעם היסטאָרישן און מאָראַלישן מהות פונעם פאָלק, און אים געשטויסן צו שאַפן און מערן די אַלערלייי שיינקייטן פונעם פאָלקס לעבן.

זײַן זכר וועט זיך פון אונדז נישט אָפּטון.

## סאָנעט צום כנרת

**מײַן קלאָרען מיט ליבשאַפט**

ביסט ליבער מיר פון שענצטן אומדערוואַרטסטן,
ווײַל זייגסט־אָן און נעמסט אַרום מיט מילדער האַנט
מײַן גאַנצן, דוכט, ישראלדיקן קאַנט,
און איך וויל אַרומנעמען דיך מיטן האַרצן.

געזען איך האָב די פּראַכט פון ים פון שוואַרצן,
קאַווקאַז און קרים עס שטייען בײַ זײַן ראַנד,
ווי איידלשטיינער וואַקסנדיק פון זאַלצן.
נאָר דו ביסט דאָך אין ציון דעם געגאַרטן.

געזאַלצן, ביטער זענען אַלע ימען,
נאָר דו ביסט זיס, ווי מילך פון דער מאַמען,
אַ הייליקע ביסט, פונעם הימל בלויער,

דו, כנרת, לײַטערסט קיל מײַן טרויער
דו מיט טרייסט און האָפענונג מיך שפּײַזסט —
זע איך ווי עס וויייעט אויף דיר גאָטס גײַסט.

# זיסער פלאָנטער

**י. צ. שאַרגעלן**

אָט קומען לעצטע טעג שוין פאַר מײַן שניט
און איך בין אַלץ ניט זאַט מיט הימלס בלוי,
ניט זאַט כ׳בין מיט שיינקייט פון אַ פרוי,
ניט זאַט כ׳בין מיט קלאַנג און וואָרט און ליד.

מיר דאַכט, כ׳בין נאָך אַלץ דאָ אין דער מיט,
פון מײַנע צווײַגן שמעקט נאָך אַלץ מיט צוויט
און ס׳גליט אַ זון נאָך אַלץ אין יעדן גליד,
פאַרוואָר, פון לעצטע טעג כ׳בין ניט פאַרהיט...

גיי פרעג בײַם וועג, ער זאָגט: כ׳בין דיר נאָך לאַנג.
גיי פרעג בײַם האַרץ, עס זאָגט: ס׳טוט גאָרנישט ניט באַנג.
גיי פרעג בײַם טראָט, ער זאָגט: כ׳בין נאָך אַלץ אין גאַנג,
גיי פרעג בײַם וואָרט, עס זאָגט: כ׳בין אַלץ נאָך געזאַנג.

און איך, כ׳פּלאָנטער אַלץ צווישן **אלף** און דער **תו**,
און איך פּלאָנטער צווישן אויפשטיי און דעם שלאָף,
און איך פּלאָנטער צווישן באַרגשפּיץ און דעם ראָוו
און איך פּלאָנטער צווישן אָנהייב און מײַן סוף.

13.2.1984

## דער דיכטער

ס'איז גוט דער דיכטער ווי אַ מאַמע,
דאָס לעבן ער פאַרשטעלט פון קעלט;
און ווײַל זײַן האַרץ איז ליבע סאַמע,
צאָלט מיט שׂינאה אים די וועלט.

זײַן וויגליד קומט די ערד אַנטוויינען
פון איר פאַרצווייפלטן געשריי;
און ס'טוט אים ווײי פאַר יעדן איינעם,
נאָר קיינעם טוט פאַר אים ניט ווײ.

## דער מאָלער און זײַן פּענדזל

דעם מאָלער מיכאל לעדערמאַן

אויף אונדז דערפרייען, פאַרשיכּורן די אויגן,
ער דאַרף קיין ווײַן ניט אין זײַן קרוג,
אַ בלענד טאָן נאָר זאָל אַ רעגן־בויגן,
איז גרויע ליַיוונט אים גענוג.

נאָר טרוקן קאָן זײַן פּענדזל שטאַרבן,
ווײַל ס׳איז ענג אים צווישן ווײַס און שוואַרץ,
אַ בליץ טאָן זאָלן הונדערט פאַרבן —
ער דאַרף אים אײַנטונקען אינעם האַרץ.

# אַן אַליווע־בוים אויף אַ ייִדיש געסעלע

דאָרט, אויף מײַן געסעלע, אויף אוקראַינער דרום,
וואָס אויסגעזען אַן גרינס האָט מידבּרדיק און פּוסט,
ביסטו איין ביימעלע געוואַקסן פרעמד און אָרעם
אָליווע מײַנע, קליין אַזוי, גלײַך אַ קוסט.

אַוועלכע ווינטן האָבן דען דיך ניט געבוויקערט
און צודעקן האָסטו געקאָנט זיך נאָר מיט שניי,
געשטאַנען ביסטו עלנט, אײַנגעהויקערט
אַזש ס׳האָט דאָס האַרץ פאַר דיר געטאָן מיר אַזוי וויי.

וואָס איז מיט דיר אַזוינס, אָליווע, זיך פאַרלאָפן
וואָס האָט פאַרטראָגן פונעם גליל דיך אַהער,
ווו ס׳איז דער דרום אויך פאַר דיר ניט מער ווי צפון
און ס׳ליגט דער רעגן־טוי אויף דיר ווי אַ טרער?

אַוועלכער בוים ניט זאָרגט דען וועגן זײַנע צרות,
אַוועלכער בוים ניט דאַרשט מיט וואָרצלען נאָך געבורט,
נאָר דו ניט אויסגעטראָגן דאָ האָסט דײַנע פּירות
און צייטיק ווערן פלעגט דאָ קיין מאָל ניט דײַן פרוכט.

איך וואָלט מיט זיך דיך קיין ישראל מיטגענומען,
מיט וואָרצלען הענגענדיקע נאָך אין פרעמדן לײַב,
נאָר קיין דערלויבעניש, ווי איך, האָסטו ניט באַקומען
און האָסט ניט אומגעקערט מיט מיר זיך אין דײַן היים.

איצט, ווען עס שמײַסן אויפֿן גליל פֿרילינג־שלאַקסן,
טריקן איך אין שווערער בענקעניש נאָך דיר,
וואָלסט איצט אויף בערג באַגלײַך מיט איילביימער געוואַקסן,
וואָס טוסטו דאָרטן אונטער שנייאיקן געפֿריר?

ווײַזט אויס, אַ ייִד ניט טאָר פֿון שלווה קיין מאָל וויסן
אויך אין דער היים עס טוט אים עפּעס אַ צעשרויף,
מיר זענען אומעטום אויף העלפֿטן צוויי צעריסן
און קיין מאָל קומען זיך די העלפֿטן ניט צונויף.

אָליווע קליינטשינקע, אויף קליינעם ייִדיש געסל,
אונטער אומעטיקן רעגנדיקן האַרבסט,
איך קאָן אײַך ביידן אין מײַן לעבן ניט פֿאַרגעסן
אויף דײַנע צווײַגן הענגען שטיקער פֿון מײַן האַרץ.

און בענקען וועל איך שוין נאָך דיר ביז האָר, ביז סיווע,
דײַן זילבער־בלאַט דאָרט שטאַרבט אין זילבער פֿונעם פֿראָסט.
ס'וועט אייביק באַנג טאָן מיר, מײַן טײַערע אָליווע,
וואָס איך האָב דאָרטן דיך אַן עלנטע געלאָזט.

# די חכמה פון אַ מירמלשטיין

— רעדן איז זילבער, שווײַגן איז גאָלד
אַ פֿאָלקסווערטל

בײַ וועמען דען בעטן, בײַ וועמען דען פֿאָדערן,
מ׳זאָל מיר צו וויסן טאָן, געבן צו פֿאַרשטיין,
וואָס אַזוינס שטראָמט אין די בלוילעכבע אָדערן
פֿון אָט דעם געשליפֿענעם מירמלנעם שטיין?

ווער וועט דען צווינגען דעם שטיין ער זאָל רעדן
וועגן אַזוינע ניט־הילכיקע פֿריידן,
וועגן אַזוינע ניט־שרײַיִקע לײַדן,
ווו לעבן פֿון טויט איז ניט אונטערצושיידן?

נאָר איך, אָט דער עקשן, לייג צו שטאַרק מײַן אויער
צו אָדערן פֿולע מיט בלוילעכן טרויער,
וואָס האָבן פֿאַרצווײַגט זיך אין שטיין אָט דעם שווערן,
נאָר ער איז אַ חכם — ער לאָזט זיך ניט הערן.

ער ווייסט: אין כּוחות גאָלדענע פֿליסן,
און אַז עמעץ נאָר וועט וועגן דעם זיך דערוויסן,
מ׳וועט אויך זײַן בלוט, זײַנע טרערן פֿאַרגיסן
און ווערן וועט אויך אין אים זײַן האַרץ צעריסן.

## געבעט

אוי, רבונו דעלמא,
כ׳האָב ליב צו לערנען דײַן תּורה,
ווען ס׳ברענט אין זונשײַן די פּאַלמע —
אַ גאָלדענע מנורה.

אין שטורעמס זי בלײַבט אויך שווײַגן,
ניט לעשט זיך, ניט וואַרפט קיין שאָטן,
גיב, גאָט, אַז אין אירע צווײַגן
זאָל זײַן מײַן האַרץ געראָטן.

## בלודנער זון אין ישראל

מיט מיר, דײַן בלודנער זון, זיך ווידער טרעפֿן
ווי מיט אַן אייגענעם, ווײַזט אויס, איז דיר צו שווער;
מײַן האַרץ פֿאַר אַלע וואָלקנס איז צעעפֿנט
און כ'בין אויף אַלע ווינטן ווי אַ טרער.

און דאָך, אַזוי איך וועל אויף דײַנע וועגן
ניט אויסרויכלען אין שטויבן מײַנע טריט,
נאָר זײַן אין דיר פֿאַרלוירן ווי אַ רעגן
פֿאַר אויפֿגאַנג פֿון דײַן געטלעכקייט און צוויט.

## זונפאַרגאַנג מײַנער

ישראל, פאַר דײַן אויפגאַנג סאַמע
איז אויסגעפאַלן מײַן פאַרגאַנג,
ניט לאַנג ביסטו מיר געווען אַ מאַמע,
כ׳בין דיר אַ קינד געווען ניט לאַנג.

מײַן פאַרגאַנג שווער איז אומגעהויער,
ס׳האָט דאָך אַ פאָלק מײַן האַרץ געשפּײַזט,
נאָר ווענסט באַגלייטן מיך אָן טרויער,
כאָטש גרויס איז ווי אַ זון מײַן גײַסט.

## זאַכן

כ׳בין אין געפּענקעניש בײַ חפצים,
איך פּיל אין זיי אַ שווערע קראַפט,
ווי טוט מען זיך מיט זיי אַן עצה,
ניט בלײַבן כ׳זאָל בײַ זיי פאַרשקלאַפט?

ווי ווייסט מען, ווי עס לעבן זאַכן,
זיי זאָלן ניט צו שאַנד און שפּאָט
פון מיר, דעם מענטש, אַ זאַך אויך מאַכן,
ניט מאַכן כ׳זאָל פון זיי אַ גאָט?

## מײַן זיידנס שוסטערמאָס

אַ מאָס צו נעמען פֿון אַ פֿוס
געהאָט מײַן זיידע אין רשות
האָט נאָר אַ סטענגע פּראָסט פּאַפּיר;
און לויט זײַן דינעם ריס אין איר
געוווּסט, ס׳וועט זײַן צום טאַבלטיר.
און וויסן איז געווען אים זיס,
אַז ס׳איז פֿאַראַן אַזאַ־אָ ריס,
וואָס וואַרפֿט דעם מענטש ניט פֿון די פֿיס.

## דאָס קאַזאַנטשיקל

פֿון אַ מאָל

אויב ס׳איז דיר אויפֿן האַרצן שפּל
און דו געפֿינסט זיך ניט קיין רו,
דו שטעל דאַן עטלעכע קאַרטאָפֿל
אין דעם קאַזאַנטשיקל זיך צו.

עס וועטשערע מיט דײַן געזינדל
בײַם לעמפּלס פּלאַטערדיקער שײַן,
און ס׳וועט אונטער דעם דאַך פֿון שינדל
דעם האַרצן פֿריילעכער דאַן זײַן.

## די טרינישקע

אַ טרינישקע גאָר הײַנט דערמאָנען,
ווען גאַז־פּליטעס שוין מען האָט,
איז פּונקט ווי דו וואָלסט זיך ניט קאָנען
צעשיידן מיט דײַן אַלטן גאָט.

אָט אויף דעם פּריפּעטשיק זי שטייט זיך,
אַ היימלעך פּײַערל עס העלט,
אַ ליבע וואַרעמקייט צעגייט זיך, —
דאָס איז מײַן באָבעס שטילע וועלט.

## מײַן קעלישעק

מײַן קעלישעק אויף מיר איז ברוגז,
חדשים שטייט ער אָפּ מיר הויל,
ער מיינט, איך פיר מיט אים אַ רוגז —
איך נעם קיין טראָפּן ניט אין מויל.

גיי זאָג אים, כ׳האָב געשטעלט דרײַ פּייען
אויף יעדער מין געטראַנק, חוץ טיי,
ווער טרינקט עס ווײַן זיך ניט צו פרייען,
ווער טרינקט עס ווײַן ס׳זאָל טאָן אים וויי?

## מייַן טאַבאַק־שקעטל

די גרינע טאַבעקע, ווי גראָז,
כ׳פלעג שטענדיק בײַ מייַן שקעטל קריגן,
געשמאַק אַ צי טאָן אין דער נאָז,
אַ ניס צו טאָן פאַר פאַרגעניגן.

איצט, ווען כ׳בין אַלט, וואָס טויג מיר נאָך
דאָס שקעטל? בעסער וואָלט איך וויסן,
וואָס גיט מען יעדן נאָזנלאָך
אַז איך זאָל אויפהערן צו ניסן.

## האָרנאָדלען

ווען אָפּגעשוירן ס׳האָט די האָר
מייַן פרוי און קירצער זיך פאַרקעמט,
איז זענט איר, האָרנאָדלען, פאַרוואָר,
געבליבן ליגן שטאַרק פאַרשעמט.

אויך מיר אויף איר געפלעכט טוט באַנג,
און ס׳בענקט נאָך אים אַליין מייַן פרוי;
נאָר ווען מע טראָגט די האָר צו לאַנג,
מע זעט ווי גיך זיי ווערן גרוי.

## מײַן בעקעלע

מײַן בעקעלע פּאַר פּלעצלעך, קיכל,
איז שוין צעבויגן, אַלט און שוואַרץ,
וואָס טויג עס מיר נאָך אַלץ אין קיכל,
וואָס ליגט נאָך אַלץ צו דעם מײַן האַרץ?

מיט וועלכן לעקער, שטרודל, פּלאָדן
האָט עס מײַן לעבן מיר פּאַרזיסט,
איז אויף דער עלטער מיר אַ שאָדן
אַרויסצוּוואַרפֿן עס אין מיסט.

## מײַן בגדים־בערשטל

געדינט האָסט טרײַ מיר לאַנגע יאָרן
און האָסט פּאַרגעסן גאָר אין זיך,
אַזוי פיל האָר האָסטו פּאַרלאָרן,
אַז האָסט, מײַן בערשטל, שוין אַ פּליך.

מיר דוכט, אויב כ׳קאָן אין פרײַנדשאַפט גלויבן,
איז עס אַ דאַנק נאָר דיר אַליין,
גענומען האָסטו אַלע שטויבן
אויף זיך, אַז איך זאָל בלײַבן ריין.

## דער מומעס לאַדישטשיק

איך ווייס ניט נאָך אַזאַ מין כּלי,
וואָס איז ווי איר לאַדישטשיק שיין,
פֿאַרבונדן ווי מיט אַ פֿאַטשיילע,
דערמאָנט עס, כ׳לעבן, זי אַליין.

מיט מילך, מיט סמעטענע פֿאַרשוווּמען,
עס איז מיט גוטס פֿול ביזן ראַנד;
מיר פֿאַר די אויגן שטייט די מומע
מיט איר לאַדישטשיק אין דער האַנט.

## די קליסיווקע *

מײַן פֿעטער, דער שוסטער, פֿילאָזאָפֿירט

— אָט גלעטסטו אויס, קליסיווקע,
פּידעשוועס ווי צום טאַנץ,
נו, זאָג מיר, מײַן פֿאַרשיווקע,
ווער זעט דען אָט דעם גלאַנץ?

נאָר, אײַ, צו וואָס זיך קליגלען,
ווײַזט אויס, אַזוי וויל גאָט,
אַז ס׳זאָל די ערד זיך שפּיגלען
אַליין אין מענטשנס טראָט.

---

* אַ מכשיר אויף קליסעיען (אויספּוצן) די פּידעשווע.

## דעם פעטערס עלעקטריש לעמפּל

דער פעטער ליב געהאַט האָט נײַס
און האָט דאָס ערשט עלעקטריש לעמפּל
געקויפט פאַר ניט קיין קליינעם פּרײַז,
און ס׳לײַכט זײַן שטיבל ווי אַ טעמפּל.

אַ זאַך וואָס קאָן אײַך ברענגען פרייד,
אַזאַ מין זאַך באַלויכט אַ מענטשן,
ער זאָגט: „אויף אָט דעם לאָמפּ כ׳בין גרייט
ליכט ווי אַ ייִדענע צו בענטשן״.

## דעם פעטערס גראַמאָפאָן

דער גראַמאָפאָן — זײַן ברויט און זאַלץ.
די טרובע פּישופּט שטאַרק דעם פעטער.
אין מיטן — רויט בײַ איר דער האַלדז,
פון דרויסן גרין איז זי, ווי בלעטער;

געליבט ער האָט זײַן יעדן טאָן,
זײַן יעדן שפּילנדיקן אבר.
ווען ס׳שפּילט אויף הײַנט אַ גראַמאָפאָן,
ער וואָלט, דוכט, אויפשטיין פונעם קבר.

## דעם פּעטערס פּלאַטע

דער פּעטער האָט אין גראַמאָפאָן
געפּילט אין אַלץ זיבן טעמען.
נאָר פון דער פּלאַטע הייבט ער אָן
וואָס שפּילט „אַ בריוועלע דער מאַמען״.

ס'איז ניט געווען גלאַט אַ קאַפּריז,
ער האָט געוווּסט, מײַן מענטש דער גוטער,
אַז ווי געבוירן נאָר ער איז,
איז אָפּגעשטאָרבן אים די מוטער.

## דעם פּעטערס שקאַליק

דער פּעטער טוט זײַן אויג אַ זשמורע
און זאָגט: — „אַ פלאַש און פלאַש צעטייל איך,
אַ פלעשל מיט רעצעפּט איז כמורע,
אַ בראַנפן־שקאַליקל איז פריילעך.

און טרינקען טרינקט ניט נאָר אַ דולער,
איך גיס מיר אָן בײַ יעדן וועטער״.
איצט שטייט א שטאָף מיט ספּירט אַ פולער,
ווײַל אויסגעטריקנט האָט דער פּעטער.

## די דעק

די קעלט אין דער יוגנט אונדז ניט שרעקט,
ערשט נאַקעט איז געווען מיר וואַרעם,
די ליבע האָט מיך ווי פאַרדעקט,
איך בין געליגן אין איר אָרעם.

איצט, אונטער אַ וואַטאָווער דעק,
איך ליג פון קעלט אַן אויפגעוועקטער,
ווײַל ס׳איז די ליבע ווײַט אַוועק,
און כ׳בין ווי גלײַך אַן אָפּגעדעקטער.

## דער מאַמעס שיסעלע

וואָס פאַר אַ קינד דען ציט זיך ניט פאַרשטײַט
דאָס טעלערל פון הימל צו דערגרייכן,
נאָר אַז געקומען איז די הונגערצײַט,
האָב איך פאַרגעסן קוקן אין די הייכן.

דײַן שיסעלע מיט זופּ — ביז העלן קאַנט,
געדענקסט עס, מאַמע, יענץ מיט בלויען בלימל,
וואָס דו האָסט טרײַ דערלאַנגט מיר מיט דײַן האַנט,
איז שענער פונעם טעלערל פון הימל.

## שטאַכעטלער

געפֿאַלן זענען די שטאַכעטלער
ווען ס׳איז געפֿאַלן אונדזער הויז.
וואָס דאַרף איך אָט די דאַרע ברעטלער,
וואָס נוץ איך זיי אויף האָלץ ניט אויס?

זיי ציִען מיך נאָך אומגעהויער,
אויף זיי האָט דאָך זיך אָנגעשפּאַרט
מײַן מאַמע, ווי אַ בוים אין טרויער,
און אויף איר בלודנע זון געוואַרט.

## מײַן קעסעלע

געבראָטנס, ראָסלען האָסט געקאָכט
פֿאַר מיר פֿון רינדערנס און ביילעק,
און דו האָסט נעבעך נאָר געזאָכט,
זיך ניט געלאָזט קיין מינדסטן חלק.

האָסט וואַסער דורכגעלאָזט אַ ים,
געבליבן אָן אַ פּינטל זשאַווער,
אין פֿײַער ביסט פֿאַר מיר געגאַן.
ווּו נעמט מען נאָך אַזאַ מין חבר?

## דער באָבעס קוילעטש־פּאַרמעס

דער באָבעס פּאַרמעס! ווי גרויסאַרטיק
מיט חלות האָבן זיי געשײַנט
אַזוי־אָ פול און ראָמבנאַרטיק;
ווי זעט מען שוין אַזעלכע הײַנט,
מיט שבת שמעקנדיקע פרײדיק.

איצט זענען זיי ווי פויגלען שוואַרץ
און אָן דער באָבען אַזוי ליידיק,
איז פּיקן זיי מיר אויס דאָס האַרץ.

## מײַן איין שוך

ווען כ׳זאָל פון מײַנע קינדערשיך
איין שוך באַטשבי אַצינד געפינען,
וואָלט איך אין אים געשפּיגלט זיך,
כאָטש ס׳איז נישטאָ אין דעם קיין זינען.

נאָר ווען כ׳פּאָר אויס אַ וועלט און זוך,
נישטאָ אַזעלכע מיסטן, חורבות,
ווּ כ׳זאָל געפינען אַזאַ אָ שוך,
ווײַל מײַן קינדהייט איז געגאַנגען באָרוועס.

## מײַן קעמל

מײַן קעמל, וואָס באַדאַרף איך דיך,
איך הייב זיך אָן פֿאַר דיר צו שעמען,
כאָטש נעם און הייב שוין אָן דעם פֿליך
דעם גלאַנציקן מיט דיר פֿאַרקעמען...

און דאָך ביז הײַנט דו גייסט מיר אָפּ,
דערמאָנסט מיך מיט דײַן יעדן צײנדל,
אַז ס'האָט זיך אויך אַ מאָל מײַן קאָפּ
מיט לאָקן פֿאַר דער זון געהנדלט.

## מייַן בעט

ס׳האָט פּלוצעם זיך מייַן בעט צעיִעכצט
מיט ברויז פון יוגנט ניט־געשטעלטער:
— שוין בעסער ווען אַ בעטל קרעכצט,
איידער עס קרעכצט אין דעם די עלטער!

מייַן בעט, איך בעט, מייַן זינד פאַרגיב
פאַר צו פיל קעלט, פאַר צו פיל טוגנט,
אויב האָסט דייַן נאַר דייַן אַלטן ליב,
קער אום אין שלאָף מיר כאָטש מייַן יוגנט.

## מײַן שפּילקע

די טורמע־היטערס האָבן קעפּ,
זײ האָבן מיר, װי זײ איז פּאַסיק,
אַראָפּגעשניטן אַלע קנעפּ
און צוגענומען אויך דעם פּאַסעק.

און װען מע האָט מיך נאָך צװײ יאָר
אַרויסגעלאָזט אַ הויל־און־בלויזן,
האָבן אַ דאַנק מײַן שפּילקע נאָר
אויף מיר געהאַלטן זיך די הויזן.

## דער דאָרכשלאַק

איר זעט דעם דאָרכשלאַק — ער איז בײַכיק,
ער פּילט אַ מלך זיך אין קיך,
דאָס װאַסער לאָזט ער דורך טײַכיק,
די לאָקשן לאָזט ער איבער זיך.

איך האָב די צײן אויף אים געשטשירעט,
געװאָלט אים געבן גאָר אַ גט,
נאָר זיך דערנאָך מיט אים געמירעט
און פּונקט װי ער געװאָרן פעט.

## די וואַשבערעט

ביסט, וואַשבערעט, מיד ניט אויף קאַטאַוועס,
ווי טוסט אַט באַלד זיך אַ צעבערער,
ביסט איַינגעטונקען אין מחשבות
מיט אַלע קנייטשן פון דיַין בלער.

צי טראַפּנס נאָך צו דיר זיך לאַשטשען,
צי ס׳ריַיסט פון דיר זיך אַ געוויין,
וואָס האָסט אַ וועלט אויף זיך געוואַשן,
און זי, די וועלט, איז אַלץ ניט ריין.

## די פּאַקרישקע

אַ מאָל, מע האָט פאַרדעקט דאָס קאָכן
מיט פּאַקרישקעס אַזש פון טשוהון,
ס׳הייסט: קוק ניט אין דעם טאָפּ פון שכן
און ברענג ניט אַלץ פאַר דער זון.

ווער דאַרף שוין פּאַקרישקעס אַזוינע?
אַפילו ווען ס׳איז אָפן היַינט —
די גאַנצע וועלט שוין נאָר אַ בוינע,
איז כאַטאַ פּאַקרישקע, מיַין פריַינד.

## די כריינוּווקע

מאָנאָלאָג

אַ מאָל באַנוצט מע האָט מיך זעלטן —
אויף פּסח אויף חרוסת בלויז,
הײַנט, ווען עס קערן זיך שוין וועלטן,
בין איך בײַ זיך געוואָרן גרויס.

די ק.ג.ב. דאָך אַרבעט לאָווקע,
באַנוצט זי מיך שוין צוויי מאָל שיין —
ווי כריינוּווקע און ווי כרענאָווקא,*
און גיט דעם עולם שמעקן כריין.

## דאָס קיך־מילעכל

דאָס מילעכל — אַ גרויסער ספּעץ —
צי מאָלט עס פעפער, זאַלץ, צי פעטס,
צי ברויט, צי סם, צי אומריינס, ריינס,
איז דעם געווען די זאַך אַלץ איינס.

געבליבן איז עס לאַנג נייטראַל
ביז פאַרלאָפן ס'איז זיך אַ פאַל,
אַרײַן עס איז אין דעם אַ ביין
און אים צעבראָכן אַלע ציין.

---

* אַ יופּע אין רוסיש.

## דאָס רויטע שטיקל צײַג

צי איז דאָס שטיקל צײַג געווען אַ רויטע פאָן,
צי גאָר אַ רויטע חסידיש־פּריילעכע פאַטשיילע,
געוווּסט די באָבע האָט מיט דעם שוין וואָס צו טאָן,
אָן אָנשיט זײַן עס וועט דעם אייניקל במילא.

און ניט געקלערט האָט זי, ווען זי האָט מיך געוויגט,
צי כ׳זע אין רויטן, שוין מיט ווײַסן אָנגעצויגן,
פאַר זיך אַ חסידל, צי גאָר אַ באָלשעוויק,
ווען איך פאַרמאַך, ווי גלײַך אַ מלאך, מײַנע אויגן.

## דער קאָכלעפל

אָ, קאָכלעפל, דו לעבסט גרויסאַרטיק,
פאַרזוכסט די זופּ, דעם באָרשטש, די יויך,
דו פּרוּווסט, צי ס׳איז דער ראָסל פּאַרטיק,
ביסט צווישן פאַרע־וואַרע, רויך,
כאָפּסט אויך אַ קוק אין טאָפּ בײַם שכן,
דו ביסט אין סאָמע זאָט און ברען,
מיט אַלץ און אַלעם קענסט זיך קאָכן
און בלײַבן פּוסט ווי ביסט געווען.

## די רעכינקע

ווי קלאַווישן אויף דעם קלאַוויר
עס ווערן קיין מאָל ניט אַנטשוויגן
די רעכן־רעדעלעך בײַ איר;
זי שפּילט אונדז טרוקן אויס דעם ניגון
פון געלט, וואָס אויף דער וועלט דאָ שמט
און זײַן געזעץ איז אײַזן־שטאָלן;
און נאָך זי זאָגט אונדז: — „וואָס דו נעמסט,
פאַר דעם מוזסטו דרײַפאַכיק באַצאָלן".

## די פּאַטעלניע

אַ פּאָלנע מענטש עס איז די קעלניע,
זי שמירט און, בויענדיק, זיך הויכט,
פאַרקערט, די פעטינקע פּאַטעלניע,
אַ קישקע אָן אַ דנאָ — געברויכט.

זי פּרעגלט לעבער, קאָטלעטן
און, ווי גאַרגאַנטיוּאַ * זיך שפּײַזט,
נאָר וואָס איז דאָ פון איר צו שפּעטן,
מיר פּרעגלען אויך זיך אין איר קרײַז.

* אַ גרויסער פרעסער — העלד פון פראַנסואַ ראַבלע'ס ראָמאַן „גאַרגאַנטיואַ און פּאַנטאַגריעל".

## מײַן ריבאײַזן

מײַן ריבאײַזן, מײַן ליבאײַזן, גענוג
האָסט מיר געריבן מערן, ריבן, רעטעך;
כ׳האָב ניט געוווּסט, אַז ביסט דערצו נאָך קלוג,
אַז איך אַנטקעגן דיר בין נאָר אַ פּעטעך;

האָסט דאָס באַוויזן אויף דער עלטער מיר,
מיט מויל־לעבער, מיט אָנגעשאַרפטע צינגער,
פאַר קאַרגשאַפט אָנגעלערנט מיך, פאַר גיר
אַ רײַב געטאָן ביז בלוט מיר אַלע פינגער.

## מײַן אַשלעפּל דער פילאָסאָף

ס׳פלעגט חקירען אָט דער פילאָסאָף
בעת ער גערייניקט האָט די הרובעס:
— „דאָס אַש איז פון דעם גוף דער סוף,
די זעל — דער רויך, וואָס גייט דורך טרובעס״.

זײַן פרינציפּ: — „אַרבעט! נאָר אָן רעש!״
זײַן גאַנג: — „ניט אײַלן זיך, ניט האַווען!״
נאָר איצט — מיט בערג פון מענטשנאַש
ער קאָן זיך אייביק שוין ניט ספּראַווען.

## דעם ברודערס שפּליטער

כאַטש אָט דעם שפּליטער איז געלונגען
אַזוי־אַ שפּיציק־שאַרף און בלאַנק
צו זײַן בײַם ברודער אין די לונגען,
מע דאַרף אים זאָגן נאָך אַ דאַנק;

ער לעבט און לאָזט מײַן ברודער לעבן,
ער האָט אוסאָזשעט זיך גאָר פֿײַן.
אַזוי איז אַלע אונדז געגעבן
אַ שטוב פֿאַר דער מלחמה זײַן.

## די פּולע קאָרזינקע

מיט שטרוי־געפּלאָכטענער קאָרזינקע,
וואָס האָט אַ ראָזלער־בלויען קאַנט,
פֿון לאַגער גייט אונדזער מעזינקע,
געראַטעוועט, אַ היים זי שפּאַנט.

מיט אָט דעם קויש איבערגעטראָגן
זי האָט איר הונגער, מלוינג, שאַנד,
פֿון אונטער לעפּעלע דאָס נאָגן, —
האַלט שטאַרק מײַן שוועסטער אים אין האַנט.

## אַ שייד

מיט גאָמבעלע אַן אויסגעגאָלטס,
מיט וואָנצעס און מיט באַקנבערד
האָט ער געשפּאַנט צופרידן, שטאָלץ,
דערפֿאַר נאָר וואָס ער טראָגט אַ שווערד.

דערנאָך האָט זיך אַרויסגעשטעלט,
אַז ס'איז זײַן שווערד נאָר רייד, נאָר רייד,
אַז ביזן סוף דאָ פֿון זײַן וועלט
האָט ער געשלעפּט אַ פּוסטע שייד.

## דער לערער און דער שולטאָוול

דער העפט, בטבע, איז באַשיידן,
דער טאָוול דווקא וויל פֿאַרקערט,
מע זאָל נאָר פֿון זײַן חכמה ריידן,
כאָטש קלוג ער פֿון אַ צווייטן ווערט.

נאָר אַז דו ווערסט אין שול אַ לערער,
איז דאַכט דיר אויך, אַז ער איז גרויס,
און ווערסט בפֿירוש זײַן פֿאַרערער
און שטעלסט זיך אויך אַ ביסל אויס.

## די פּידקאָווע צו גליק

ניט דו דאַרפסט קײַען דאָך פּאָלאָווע,
ביסט קלוג, טאָ ווי זשע איז געשיקט,
וואָס פירסט פון רוסלאַנד אַ פּידקאָווע
אַזש קיין ישראל אונדז צו גליק.

ווי קאָן מען דען צום גליק דערפאָרן
מיט איין פּידקאָווע אויף דער ערד,
ס׳איז פּונקט ווי ס׳וואָלט צו איר נאָך יאָרן
זיך אומקערן איר געפּגרט פערד.

## דאָס נידעריקע מעסער

מײַן קאָפּ, ווען ס׳ווײַזט די ציין אונדז אַ געפאַר,
איז זאָלסטו זיך ניט בייגן מיט הכנעה,
איך וויל ניט דו זאָלסט מאַכן זיך צום נאַר,
דערקוויקנדיק מיט זיך די חיה־רעה;

און נאָר ווען מיט געדאַנקען פרײַ דו שאַלסט,
און נאָר ווען מענטשלער־שטאָלץ דו נעמסט זיך הייכן,
אָט דעמאָלט קאָן דײַן זינגענדיקן האַלדז
דאָס נידעריקע מעסער ניט דערגרייכן.

## דער טײַטל און דער קאַנטשיק

האַ־האַ, ס'איז גוט דעם רבינס טײַטל,
אײַ, ס'איז דעם רבינס קאַנטשיק בײז —
אָבער אַזוי פון זײַט צו זײַטל
צו ש"ס מע קומט פון אַלף־בית.

איצט איז אויס קאַנטשיק! אויס הלכות!
דעם רבינס טײַטל ליגט אין שטויב,
געבליבן גאַנץ איז נאָר דער ת...
געוואָרן פון דעם קאָפּ איז דרויב.

## צו דער קאַטשלקע

אַ גוטע בעל־הביתטע ווייסט
אַז אַרבעטסט שטאַרק און אַקוראַט,
און דו אַליין טאַקע זיך גרייסט
ווי דין דו קאַטשעסט אויס אַ בלאַט.

נאָר כ'וואָלט ניט וועלן דײַנער זײַן,
ווען גלעטסט מיך אויס אַפילו פײַן;
מיך שרעקט ניט פון דײַן דרוק די פּײַן,
נאָר פּײַנט כ'האָב פּשוט פלאַטשיק זײַן.

## מײַן בעזעמל

אין מיר איז שטויביק, ניט געמיטלער,
ווי רייניקט מען זיך אָפּ פון ווײ,
אַז פון מײַן בעזעם אַלע ריטלעך
דער ווינט געטאָן האָט אַ צעווײ.

ווען איינס צום צווייטן וואָלט זיך קערן,
וואָלט זײַן מײַן בעזעמל אַ גבר,
ווײַל נאָר מיט דעם איז אויסצוקערן
אין ווינקעלעך פון האַרץ דעם צער.

## מײַן קאָטשערע־לאָפּעטע

איך האָב מײַן קאָטשערע און לאָפּעטע געשעצט,
אַנטציקט — פֿאַר זייער פרײַנדשאַפט זיך געבויגן,
דאָס ברויט האָט איינע צו דער צײַט מיר אײַנגעזעצט,
און איינע האָט עס צו דער צײַט אַרויסגעצויגן.

צי ס׳האָט אַליין די צײַט שוין צו פיל זיך געוויגט,
וואָס שׂונאים זענען זיך געוואָרן אויך גאָר קרובים;
אַך, ווען די קאָטשערע מיט דער לאָפּעטע זיך קריגט,
איז ווערט פאַרברענט נעבעך דאָס ברויט
בײַ אונדז אין אויוון.

## די מאַקערטע

די ערדן־ברוינע גרויסע מאַקערטע
דערמאָנט מיר האָט אַ וועלט דער באַבעשקעס,
וואָס האָט געמאַכט מיט הענט צעאַקערטע
אין איר געקנאָבלטע באַלאַבושקעס.

און טייג אַזוינס מיט פלוימען אונגערשע,
און האָניק־כרעמזלעך, הייס־צעפלאַקערטע.
מיר האָט געדוכט אין טעג פון הונגערן,
ס'איז נאָר אַ מעשהלע די מאַקערטע.

## צו מײַן רידל

ווען שאַרף געווען ביסט ווי אַ שווערד,
ווען יוגנט האָט אין מיר געפלאַקערט,
האָב איך דאַן ניט געהאַט קיין ערד,
אַז זי זאָל זײַן פון דיר צעאַקערט.

אַך, ווי געבענקט איך האָב, מײַן פרײַנד,
דו זאָלסט מיט גרונטן זײַן פאַרחברט,
און אָט, ווען כ'האָב שוין באָדן הײַנט,
ביסטו געוואָרן מיר פאַרזשאַווערט.

## מײַן ציביק

אַ מאָל געװוען איז אָט דער ציביק
אַ גוטערפרײַנד פֿאַר מײַן געמיט,
געקלעפּט צו מיר װי גלײַך אַ דיבוק,
געהאָלפֿן שרײַבן מיר אַ ליד.

דערנאָך האָט ער גענומען שיקן
מיט שװאַרצן רויך אויף מיר זײַן שד,
מיט אים פֿאַר קינאה מיך צו שטיקן,
סטײַטש, ער װיל אויך זײַן אַ פּאָעט.

## דער קאַן

**פון מײַן קינדהייט**

— דער קאַן, ער רירט זיך ניט פון אָרט,
דער עמער, זיידע, איז פיל לײַכטער;
אין קאַן אין הילצערנעם איז פאַרט
די וואַסער, דאַכט זיך, עפּעס פײַכטער.

מאַכט ער: „מײַן קינד, דער קאַן איז שווער,
מיט עמערס גייט זיך טאַקע זשוואַווער,
נאָר ס׳איז זײַן וואַסער ווי אַ טרער,
ווײַל ס׳ווייסט דאָס האָלץ ניט פון קיין זשאַווער."

## מײַן זיפּ

כאָטש לעבערדיק איז דײַן יסוד,
נאָר ביסט פֿאַר מיר אַ גאַנצער וועזן,
ווײַל שטרענגער אָפּקלײַב — דײַן געבאָט,
ביסט דאָך ממשותדיק געוועזן;

דו האָסט דאָך ניט איין ברויטפֿעלד
געוויגט אין קרײַז אין דײַן געטרײַען,
געזיפּט האָסט איינסטלמעל דער וועלט,
אַליין געבליבן בײַ די קלײַען.

## דאָס שפּײַקעסטל

ניט זײַ, מײַן שפּײַקעסטל, געפֿאַלן.
דײַן גורל — כאַפּן שפּײַ נאָך שפּײַ.
דו זעסט ווי איך בין אײַנגעפֿאַלן
און בלײַבסט מיר ביזן סוף, געטרײַ.

דו דינסט מיר ווי אַ קראַנקן־שוועסטער
און ווי אַ פֿרײַנד צו מיר ביסט גוט,
ווייסט, ווי דער חכם ווי דער גרעסטער,
אַז כ׳שפּײַ פֿון אָט דער וועלט מיט בלוט.

## דאָס רעדעלע

מע זאָגט, דאָס רעדעלע — עס דרייט זיך,
אין דעם קיין ספק קיינער האָט;
די וועלט, זי גייט זיך, דרייט זיך, פרייט זיך,
אַזוי באַשאַפן האָט זי גאָט.

אין דעם געדריי פון צווייען, פירן
מיט פערד און וואָגן — קאָן עס גיין,
נאָר ס׳קאָן ניט זיך, ניט יענעם פירן
דאָס רעדעלע, וואָס בלײַבט אַליין.

## נאָדל־פּאָדעם

ביסט אײַנגעשטאַנען, נאָדל־פּאָדעם,
דאָך בײַ אַ קבצן, האָסטו פּײַן
פּאַרנייט מיר לעבער אויף די בגדים,
זאָלסטו דערפאַר געזונט מיר זײַן.

ווי וואָלסטו מיך געקענט דערפרייען,
(איך בין געוווינט צו וויי און שמאַרץ),
ווען נעמסט זיך אונטער אויך פּאַרנייען
דעם טיפן ריס בײַ מיר אין האַרץ.

## דער לאָקשנטאָפּ

נאָר דו האָסט, לאָקשנטאָפּ, געקאָנט
אַ טייגעכץ מאַכן מיר צום טעם,
דײַן טשאָלנט האָט מיך דאָ דערמאָנט,
אַז פון אברהם־אָבינו כ׳שטאַם;

דײַן קעזל האָט געהיילט דעם בויך,
דײַן שבת־קוגל האָט געהעלט;
מיט דיר צעבראָכן האָט זיך אויך,
אוי־וויי, מײַן שבתדיקע וועלט.

## די פּרוזשינע

פון דער פּרוזשינע איז געקומען
אַ ריס אין דעם דיוואַן ניט גלאַט,
איר קראַפּט האָסט פּאַר צו לײַכט גענומען,
געבונדן שוואַך זי מיט שפּאַגאַט.

פּאַר טויטע כּוחות זאָלסט געפינען
אַ קלוגע לעבעדיקע מאָס.
אויב האָסט באַשאַפן אַ פּרוזשינע,
טאָ זײַ אויף איר דער בעל הבית.

## די ספּראַזשקע

אין אורלויב — אַ קאַוואַלעריסט —
עס קומט מײַן טאַטע מיט דער שאַשקע.
ווײַל כ׳האָב פאַרדינט זיך, ניט אומזיסט,
האָט ער דערלאַנגט מיר מיט דער ספּראַזשקע.

כ׳בין שטאַרק אויף איר געווען אין כּעס,
וואָס טויג זי, — נאָר דעם קאָפּ צו פּלעטן !
נאָר ווילסטו צושפּיליען דעם פּאַס,
דו מוזסט מיט איר זיך איבערבעטן.

## די ווײַנקרוג

מײַן אַלטע גוטע קרוג פון האָלץ,
פלעגסט עפענען דײַן מויל, ווי זײַן
וואָלסט גרייט צו קושן מיך מיט ווײַן,
און ניט געמאָנט האָסט קיין געצאָלטס.

און איצט, ווען ס׳טריקנט שוין מײַן גוף,
האָב איך געמיינט ביסט אויך שוין לער,
און אָט — דײַן דעקל הייב איך אויף
און זע, ביסט פול גאָר מיט מײַן טרער.

## מײַן לערערס בלײַער

מײַן לערערס בלײַער שטאַרק זיך מידיקט,
צווייפאַרביק — דינט ער ווי זײַן קנוט;
מיט שוואַרצן שטעלט ער „אומבאַפרידיקט״,
מיט בלויער זײַט ער שטעלט אונדז „גוט״.

און ווילט איר קענען אָט דעם ליבן,
וואָס דאָס געווען איז פאַר אַ האַרץ,
איז ווייסט — זײַן בלוי איז אויסגעשריבן,
זײַן אָנדענק ליכטיק בלײַבט אין שוואַרצס.

## דער שולטאָוול

דו קאָנסט מיט קרײַד אויף אים דיר מאָלן
צי גוטס, צי שלעכטס, צי מיאוס, צי שיינס,
צי אותיות, פיגורן, צאָלן,
דעם טאָוול גלייב מיר איז אַלץ איינס.

נאָר ליבסטו שוואַרץ אויף ווײַס — דער טאָוול,
פאַרקערט, ער ליבט נאָר ווײַס אויף שוואַרץ,
אַ פּוסטער, — שטייט ער ווי אַן אָבל,
אַז ממש ס׳רײַסט אויף אים דאָס האַרץ.

## דאָס האַקברעטל

אוי, וויפל קלעפּ דו כאַפּסט אַריַין
צוליב נאָר יענעמס פאַרגעניגן.
וואָס האַקט מען דען אויף דיר ניט איַין,
דו זאָלסט נאָר שניטן, וווּנדן קריגן.

יאָ, וויפל העק און קלעפּ און פּיַין
זיך האָבן אויף דיַין ברוסט געשאָטן,
נישטאָ קיין זאַך נאָך, וואָס זאָל זיַין
ווי דו, אין מזל מיַינעם געראָטן.

## מיַין פּאָלומעסיק

ס׳איז מיַין פּאָלומעסיק פּאַראומערט,
ער האַלט, אַז כ׳גיב אים ניט קיין נערונג —
— „ווי לעבט אַ ייִד, — זאָגט ער פאַרקומערט, —
אָן ציבעלעס און אָן אַ הערינג״.

ס׳גייט גאָרנישט אָפּ אין טעג אין טריבע.
אָט כ׳פּיל אין בויך שוין הונגער־קראַמפּן,
כאָטש כ׳האָב דאָך אַלץ, אויף אַלע ליבע,
נאָר ס׳פעלט מיַין פריַינד צום ביסל בראַנפן.

## מײַן אַשבעכער

מײַן אַשבעכער פֿון רײן קרישטאָל,
בליצט און קוקט אויף מיר פֿאַרדריסלעך,
וואָס כ׳רײכער מער ניט ווי אַ מאָל
און לאָז אים ניט קײן ציגן־פּיסלעך.

ווו איז דער רויך פֿון דעם טוטין,
פֿון יונגע יאָרן — ווו דאָס פֿײַער,
צו פֿרעגן האָט שוין נאָר אַ זין
בײַם אויסגערײכערטן ציגײַער.

## אונדזער הערש רופֿאס רענצל

ער איז געגאַנגען מיט אַ טענצל,
געווען געזונט און שטאַרק און רויט,
געשלעפּט האָט ער מיט זיך אַ רענצל,
וואָס ראַטעוועט אַ וועלט פֿון טויט —

מיט באַנקעס, טראָפּנס צו אַ שלוקערץ,
רפֿואות, תּרופֿות, אָן אַ דנאָ,
פֿון ריצנאײל ביז קאַנדל־צוקער...
נאָר אויך ער איז שוין מער ניטאָ.

## מייַן פּרעסל

שוין לאַנגע יאָר האָסט זיך געסטאַרעט,
מייַן פּרעסל, דינען מיר געטרייַ,
דו האָסט מייַן וועש מיר אויסגעפּאַרעט
און אויסגעפּרעסט עס שפּאָגל נייַ.

אויך הייַנט האָסטו געפּרעסט געדולדיק,
פון וואַנען זשע דער לאָך זיך נעמט?
איך ווייס, ניט דו, ניט איך בין שולדיק,
ווייַזט אויס, צו אַלט איז שוין מייַן העמד.

## צווייַ טעפּ

אוי, ווי דאָס מזל איז פאַרשידן,
דו נעם אַ בייַשפּיל זיך אַראָפּ,
איין טאָפּ באַשערט איז אייביק זידן,
דעם צווייטן — זייַן אַ בלומענטאָפּ.

אויף איינעם — אַ גן עדן־ראָסע,
דער צווייטער ברענט אין גיהנום בלויז,
אין איינעם קאָכט זיך בידנע פּראָסע,
אין צווייטן רויכלט זיך אַ רויז.

## צו מײַן „עוזי"

מײַן עוזי, זײַ פון גאָט געבענטשט.
ווײַל דיך עס האָט מײַן האַנט באַשאַפן,
האָסטו באַשאַפן מיר, דעם מענטש.
זײַ אײביק גליקלער, ייִדיש וואָפן.

פונקט ווי מײַן ברוסט ביסט פול און שווער,
נאָר בלײַב מיט בלײַ מיר אָנגעגאָסן,
ווײַל ווען כ׳לאָד אָן דיך מיט מײַן טרער,
וואָלסטו מײַן האַרץ מיר דורכגעשאָסן.

## מײַן מולטער

פאַרוואָרפן ליגט זי אויפן דאַך,
זי איז געווען אַ מאָל אַ מבין
אויף יענער וווּנדערלעכער שפּראַך,
אויף וועלכער ס׳רעדט דאָס טײג מיט הייוון;

זי האָט פון ראָשטשינעס געוווּסט,
פון אויוונס, פול מיט פײַער־פאַרבן,
אַצינד איז אָט די מולטער פּוסט...
און אָט אַזוי אויך זאַכן שטאַרבן.

## גאָפּל־לעפּל

מײַן זון קערט אום זיך פון גרויסער וועלט
און גיט מײַן פרוי אַ לימוד ווי זיך פירן,
אים געפעלט ניט ווי זי דעם טיש באַשטעלט,
ער האַלט, אַז ס'איז דער עיקר דאָס סערווירן.

יאָ, אַז מע האָט די זיבן גוטע יאָר
און אַז ס'איז, קיין עין־הרע, פול דאָס שעפל,
איז בלײַבט שוין טאַקע דאַן איין דאגה נאָר,
ווי מע צעלייגט די גאָפּל־לעפּל.

## די סיליאַרקע

עס בונטעוועט זיך די סיליאַרקע,
וואָס כ'האָב אין גאַנצן זי פאַרזען,
זי גרויסט זיך שטאַרק, אָט די מאַכליאַרקע,
ס'הייסט, — צוליב איר איז פיל געשען.

ווען זי איז ליידיק, איז אַלץ נימאס,
ווען זי איז פול, באַטעמט איז אַלץ,
נאָר כ'מאַך זיך ניט פון איר קיין צימעס,
אַלץ איינס איז דאָך די וועלט אָן זאַלץ.

# מײַן טרובע

מײַן טרובע, כ׳האָב דיך ניט פּאָליובעט,
דו שװײַגסט װי עמעצער דיך װאַרגט;
כ׳האָב װעגן זיך דאָך ניט געטרובעט,
װען כ׳בין געװען געזונט און שטאַרק.

און איצט, װאָס איז שױן דאָ צו רײדן,
איך טו אַ שפּיל, איז גיט אַ שלוכץ,
אַ שאַל טאָן װילט זיך בײַם צעשײדן,
איז אָבער שױן מײַן אָטעם קורץ.

## דאָס אויסגעגראָבענע מעסער

פון אָט דעם מעסער מ׳האָלט אין רעדן
אַזוינס, וואָס האָט מײַן האַרץ געריירט.
מע זאָגט, אברהם צו דער עקידה
מיט דעם האָט יצחקן געפירט.

ווײַל ניט געבראַכט עס האָט צו לײַדן
דאָ קיינעם, איז עס געטלעך־שיין.
מיט דעם מע וועט שוין גאָרנישט שנײַדן,
וועט כאָטש איין מעסער בלײַבן ריין.

## אַ טיכעלע

מע זאָגט, פֿאַראַן אַזאַ פֿאַבריק
זי מאַכט אַ טיכעלע, וואָס טויג
אויף אָפּצווישן, אונדז צום גליק,
אויך בײַם ייִד די טרער פֿון אויג.

ווען כ׳האָב געוואָלט כאָטש קויפֿן אײנס,
האָט מען געלאַכט — „דו זוכסט אומזיסט.
אַ טיכעלע, אַזאַ מין רײנס,
זיך וואַלגערט ניט אויף אונדזער מיסט.״

## די קאַסטרוליע

הײַנט ווערסטו טאָן שוין יענעם הוליע,
אַך, וויפֿל תּענוג דו דערוואַרטעסט
פֿון אָט דער פּולינקער קאַסטרוליע,
וואָס קומט דערקוויקן דיר דאָס האַרץ;

אַ סך זאָגט צו איר בויך דער שווערער,
פּונקט גאָלע גוטס אין איר זיך ווייקט,
נאָר וויל פֿון איר ניט נעמען מערער
ווי האָסט אין איר אַרײַנגעלייגט.

## אַן אָפּצאַס

האָט זיך מיר אין מיטן גאַס
פּלוצים אויסגעהינקט מײַן וועלט,
קרום האָט זיך מײַן וועג געשטעלט, —
כ׳האָב פֿאַרלוירן אַן אָפּצאַס.

שוסטערל, נאָר דו אַליין
קענסט אים אויסגלײַכן דאָך פֿײַן,
אפֿשר וועט מיר דעמאָלט זײַן
גרינגער אויף דער וועלט צו גיין.

## מײַנע ברילן

געוואָרן איז מיר קוקן נודנע
דורך ברילן פֿון געשליפֿן גלאָז.
מע זאָגט מיר: „טראָגסט אַן גלעזלער, טשודנע,
צוויי פּוסטע רעמלעך אויף דער נאָז.“

איך טראַכט: די ברילן־רעמעלעך פֿון אײַזן,
זיי זענען פּוסט דאָך און לער.
ניין! ס׳זאָל די וועלט מיר ריין זיך ווײַזן,
כ׳האָב אײַנגעפּאַסט אין זיי אַ טרער.

## די שמאַטעס

ניט קוק אויף שמאַטעס די פּאַרגניליעטע,
געליגן כ׳בין אין דער אדמה.
די בלויע קווייט, אַ צוגעשפּיליעטע,
זי שמעקט נאָך אַלץ אויף מײַן נשמה.

נאָר אויף מײַן וועג דעם עולם־הזה׳קן
כ׳דאַרף אויך אַן אײַזערנע פּידקאָווע,
אַז ס׳זאָל אויף טויט זיך ניט צעמזיקן
מײַן נשמה דאָ, די וואַנדראָווע.

## די שראַגע

מיט מײַנע זאַכן אויף דער שראַגע
הייבט עפּעס גאָר זיך אָן צו טאָן,
ס׳איז, דוכט, מײַן העמד, מײַן הוט, מײַן קראַגן
אויף עמעצן ווי אָנגעטאָן;

האָט אפשר גאָר אַ לײַב, דער הענגער,
צי מיט אַ ווינטל אָטעמט גאָט,
צי איז אַ גוף דער הוק דער שטרענגער?...
און ס׳ווערט די שראַגע מיר אַ סוד.

## שוסטער־קאַפּיטעס

די קאַפּיטעס צעשרײַען זיך:
— „ס׳איז ענדע וועלט, צו אַלץ אַן עק איז,
מע שלאָגט פּידעשוועס צו צו שיך,
נאָר גאָר צו אונדז דערגרייכן טשוועקעס.״

ווי קומט צו זיי אַזאַ געשריי,
ווי קומט צו קאַפּיטעס דער צאָרן?
מע האָט געטאָן זיי צו פּיל וויי,
זענען זיי לעבעדיק געוואָרן.

## די זיבעטע טיר

איך עפֿן אויף די ערשטע טיר,
בײַ דער צווייטער שטייט דער וועכטער
און זאָגט: „דורך דריטער טיר איך פֿיר
דעם מענטשן צו דער פֿערטער.״

די פֿערטע טיר די פֿינפֿטע ווײַזט,
פֿון פֿינפֿטער צו דער זעקסטער כ׳שפּרײַז, —
די זיבעטע — דאָס גליק פֿאַר מיר, —
שיקט אָפּ מיך צוריק צו ערשטער טיר.

## מײַן אָפּגעריסן טעלעפֿאָן־טרײַבל

אין טרײַבל אָן דעם טעלעפֿאָן
(וואָס קאָן נאָך גרעסער זײַן דער פֿעלער!)
מ׳האָט פּלוצעם מיר אַ קלונג געטאָן,
און כ׳האָב דערהערט פֿון ווײַטנס קעלער.

פֿון טרײַבל איז געגאַן אַ קעלט,
נאָר כ׳האָב געזאָגט: איך ענטפֿער גערן,
אויב נאָר איר זענט פֿון יענער וועלט,
וועט איר דאָך זיכער מיך דערהערן.

## די מאַסקע

ס׳איז גוט אַ מאַסקע טראָגן פֿרײלעך,
נאָר כ׳נעם די זאַך צו ערנסט אויף,
איך פֿיל זיך ניט אויף איר קיין מלך,
זי קאָן פֿאַרוואַקסן אין מײַן גוף.

אין פּנים זיך אַזוי פֿאַרבײַסן
ביז זײַן מײַן לעבעדיקע הויט;
ווען פּרוּוון כ׳וועל זי אָפּצורײַסן,
וועל איך אָן איר דאַן פֿאַלן טויט.

## דער סמיטשיק

פון פידל יענעם — אַ ירושה —
נישטאָ איז דער געביין שוין דאָך,
איז אפשר, כ׳לעבן, גאָר אַ בושה,
וואָס איך פאַרהיט דעם סמיטשיק נאָך.

זײַן פידל האָט באַגלייט די הויראַס
מיט זיפצן, לאַכן און געוויין,
און אַז מע דינט אַזוי פיל דורות,
איז שפּילט זײַן סמיטשיק מיר אַליין.

## פול און ליידיק

דער פולער קרוג איז ניט באַשערט
נאָך פולער דאָ צו זײַן,
אַ קרוג אַ ליידיקע, פאַרקערט,
נעמט פיל אין זיך אַרײַן.

און איך, וואָס פול בין ווי אַ טרער,
קאָן ווערן פולער נאָך ? —
אין כּלים ליידיקע איך הער
פאַר פריִער זייער בראָך.

## אַ פּרעמדער קעגנשטאַנד

כ׳קוק ווי אַ האָן אינעם בני־אדם,
ווער איז די זאַך, וואָס מאַכט מיך בלינד, —
אַ שטאַנג, אַ צוואַנג, אַ זילבער־פּאָדעם,
אַ ראָד, אַ שרויף, אַ שפּונט, אַ גווינט,
אַ גוס פון שטאָלנס, אײַזנס, בלעכנס
מעטאַלן־גרוי אומהיימלעך העלט,
כ׳זע — אַלץ איז גרינטלעך אויסגערעכנט,
און ס׳ווייט אויף מיר מיט שרעק און קעלט.

## דער לאָמפּן־קאָלפּאַק

אַ קאָלפּאַק אויף דעם לאָמפּנקנויט
מײַן טאַטע אָנטאָן שטענדיק פלעגט.
דער טאַטע — טויט, דער קנויט איז טויט,
דער קאָלפּאַק — לאַנג שוין אָפּגעפּרעגט.

געהיט דאָס גלאָז האָט דער מכשיר,
פון רויך ניט זײַן זאָל די שײַן שוואַרץ,
איצט לעבט ער, דאַכט, שוין נאָר אין מיר,
ס׳זאָל ניט פאַררויכערט זײַן מײַן האַרץ.

## דאָס שוואַרצע העמדל

סטודענטיש אָרעם־העמדל דו, מײַן שוואַרצס,
מיט קנעפּ מיט פּערלמוטערנע, ווי טרערן,
אַ, ווי געוועזן ביסטו מיר צום האַרץ,
ווי טראָגן כ׳וואָלט אויף זיך אַ נאַכט מיט שטערן.

זאָג, וועלכע האָט זיך אויסגעלאָשן זון,
וואָס ווערט אויף מיר מיט טעג דער הימל גרויער,
אַז ווען איך וואָלט אַצינד דיך אָנגעטון,
איז ווי איך וואָלט זיך אָנגעקליידט אין טרויער.

## מײַן אַלטע ווײַנפּאַס

מײַן פּאַס איז בײַכיק, הונדערטיאָריק.
אַ פּולע — ווײַזט זי פרײלעך אויס,
רײַסט אַרויס פון איר דעם קאָרעק,
שטראָמט מיט חכמה זי און מיט ברויז.

נאָר טאָקע ווײַל זי ניט קיין נאַר איז,
איז ווען זי טריקנט און דאַרט אײַן,
זי גיט צו וויסן מיר מיט שפּאַרעס,
אַז ליידיק — שטאַרבט זי אָנעם ווײַן.

## דעם רבינס טאַבאַק־שקעטל

עס האָט דער רבי אין זײַן שקעטל
פֿאַרהיט פֿון היטלערס שחיטות פֿרײַ
דאָס גאַנצע מזלדיקע שטעטל,
אַ חתן־כּלה אויך דערבײַ.

דו פֿרעג ניט „ווי אַזוי?״ — באַהאַלטן
וואָלט ער אין שקעטל זײַנס נאָך מיין.
ס׳איז ניט אין זכות נאָר פֿון דעם אַלטן,
מיר האַלטן דאָך אַליין זיך קליין.

## דאָס צײַמל

דאָס צײַמל כ׳היט פֿון יענע יאָרן,
ווען כ׳האָב נאָך פֿאָרט געוווּסט פֿון גליק,
ווי כ׳וואָלט מיט דעם — וואָס ס׳איז פֿאַרפֿאָרן —
געוואָלט אַ צי טאָן אויף צוריק.

און כ׳בין אַוועק צו פֿעלדער גרינע
מיט דעם אין האַנט, ווי כ׳וואָלט דערהערט,
אַז ס׳הירזשעט צווישן קאָנישינע
פֿון מײַן אַמאָליק גליק — דאָס פֿערד.

## אַ בלאַט פּאַפּיר

פאַר וועמען ס׳איז פּאַפּיר אָן מאַכט
און שוואַך, און פּוסט, און אונטערטעניק,
און פון אַ שמאַטע נאַר געמאַכט,
פאַר וועמען ס׳איז פּאַפּיר אַ קעניג.

פאַראַן אַ זײַטל וואָס באַפעלט
דעם האַרץ: — „פאַרטיף אין בלאַט אין ווײַסן
בײַ מיר אַזאַ מין שטאַרקע וועלט —
מע זאָל ניט קאָנען מיך צערײַסן.״

## מאָנאָלאָג פון אַ קאָראָמיסלע

געוועזן אַ לעבן ניט קיין שלעכטס,
איך אויף אַן אַקסל בין געריטן,
אַן עמער לינקס, אַן עמער רעכטס
און נאָך אַ שיינע מויד אין מיטן.

הײַנט רינט פון ווענט. אַזוי פיל קרענקט!
ווער אַ קאָראָמיסלע וועט דאַרפן,
ווער וואַסער פון אַ ברונעם נעמט?
האָט מען מיך אויך אַוועקגעוואָרפן.

## דאָס נאָזרינגל

צי האָבן פֿרײַנד מיר אויף קאַטאָוועס
דאָס נאָזרינגל אָט דאָס געשענקט,
זיי זאָגן, אַז עס גייט פֿון אָבות,
און איך נאָך אָבות בין פֿאַרבענקט;

עס איז פֿון פֿאַלשן גאָלד, כ׳האָב מורא,
נאָר ס׳טוט מיט אַלטס פֿון דעם אַ בלאָז,
כ׳וועל מוזן, דוכט, צוליב מסורה
דאָס רינגל טראָגן אין דער נאָז.

## מײַן פֿײַפֿעלע

מײַן פֿײַפֿעלע פֿון פּראָסטן בלעכל
געקושט מיט ליפּן האָב איך שטײַף,
געגלייבט כ׳וועל שפּילן דורך זײַן לעכל,
האָט עס געגעבן גאָר אַ פֿײַף.

מיט אויגן פֿײַכטע און באַטריבטע
כ׳האָב זיך געזאָגט; וואָס קאָן מען טאָן? —
אַזוי איז אויך דאָך אַ געליבטע,
דו שפּילסט פֿאַר איר, און זי — פֿײַפֿט דיר אָן.

## צו דער פרוי מיטן פוקסנשמויש

דער פוקסנשמויש דיר פּאַסט געוויס,
סײַ מיטן אייגעלע וואָס בליצט,
סײַ מיטן מאָרדעלע דעם זיס׳
וואָס האָט די וואָנצעס אָנגעשפּיצט.

און ענלעך זענט איר גאָר אַזוי,
אַז ס׳דאַכט, איר זענט אַ צווילינג בלויז.
עס קוקט דאָך אייביק פון אַ פרוי
דאָס כיטרע פּיקסעלע אַרויס.

## מײַן שולגלעקל

מײַן שולגלעקל — דאַרפט איר וויסן —
קאָן קיין מאָל מער ניט טאָן קיין קלונג,
מ׳האָט, אַזוי ווילד אַרויסגעריסן
בײַ דעם זײַן יִנגל־קלינגל־צונג;

זײַן הילך, זײַן שפּיל איז אויסגעלאָשן,
מיט שטילער בענקשאַפט איז עס פול,
אַזוי איז אויך אָן מאַמע־לשון
מײַן יִדישע, מײַן קינדערשול.

## אונדזער וויג

אויך דו ביסט אָפּגעשטאָרבן, וויג,
וואָס פלעגסט די קינדערלעך אונדז הוידען,
און פון דײַן ווײַסער מעשה־ציג
האָט אויך זיך אויסגעלאָזט אַ בוידעם.

אַוועק פון דיר — וווּהין? ווער ווייסט? —
איז דער באָבעס און מאַמעס ניגון.
טאָ זאָל זשע זײַן פאַר דיר אַ טרייסט,
וואָס קענסט כאָטש אין מײַן ליד זיך וויגן.

## שטראָף מיך ניט פֿאַר די רייד

שטראָפט מיך ניט פֿאַר די רייד,
וואָס כ'מורמל אַריַין איַיך אין אויער:
גאָט דינט מען מיט פרייד שטילערהייט,
דעם מענטש — מיט געוויין און מיט טרויער.

וויַיל גאָט אין הימל דערהערט
אויך דיַין געבעט דאָס שטילע,
און צו דעם מענטש אויף דער ערד
דערגייט ניט זיַין ברודערס תפילה.

## די טרייסט פון שיינקייט

פון שיינקייט גאָרנישט ווערט פאַרפאַלן
און וואָר איז אַלץ וואָס ס׳האָט געדוכט,
די אויסגעלאָשענע שוין שטראַלן
זיך רויטלען ווידער אין דער פרוכט.

דער רעגן, וואָס האָט אָפּגעשמיסן,
שוין אָפּגעדונערט, אָפּגעבליצט,
ווען האָסט די פרי אָנגעביסן,
מחיהדיק שוין ווידער שפּריצט.

## די פּען

אַ זאַך אַליין איז ניט גוט, ניט שלעכט,
זי האָט איר לײַב, זי האָט איר שאָטן,
זי האָט אַ גאַנטש, צי זי איז עכט,
אין איר שעפער זי איז געראָטן.

דאָך ווייס, אַז בײַ דער זאַך אין גוף,
ווײַזט אויס, אויך לעבן גרויסע גײַסטער.
די פּען אויף שטערבלעכס הייבט זיך אויף
און גיט אומשערבלעכקייט דעם מײַסטער.

## אַ גרויסע זינגערין

איר קול אונדז כּישופן געלינגט
ס׳ווילט זיך פּאַר איר געטלעך קול בוקן,
אַז זי זינגט איז ווי אַ רעגן קלינגט,
נאָר לאַכן לאַכט זי אַזוי טרוקן.

איר ליד איז שיין — נאָר אָט דער קריי,
דער קײַך, וויל דוכט צו שפּאָט זי מאַכן,
ווײַזט אויס — באַשערט דעם סאָלאָוויי
איז זינגען נאָר, אָבער — ניט לאַכן.

## אויף דער ווינטמיל

דען דו אַליין האָסט, דאָן־קיכאָט,
אויף ווינטמילס פליגלען זיך געטראָגן
פון וועלכער ווינטמיל, אוי, מײַן גאָט,
האָב איך קיין קלעפּ דען ניט געקראָגן ?

עס טראָגט דער ווינט, עס שלאָגט דער רוים,
מיר אָפּצושלאָגן אַלע זײַטן,
ווײַל איך בין דאָך אינעם צוים,
וואָס עס מאָלן איבער אַלע צײַטן.

## דאָס זאַלצברעטל

צום ערשט צעלעכערט ווערן פּײַן
די פיש, די פליישן און די שמאַלצן,
און אַז צום טעם זיי זאָלן זײַן,
אויף דיר ווערט אַלץ אײַנגעזאַלצן.

און כאָטש מען מיינט ניט דיך, נאָר זיי,
פון זאַלץ מוזסט דורכגעפּרעסן ווערן.
מיט דיר מיר זענען ברידער צוויי,
געזאַלצן ביסט ווי מײַנע טרערן.

## דער פֿאַרכּישופֿטער קנאָפּ

די מאַמע פּלעג זיך בייזערן אויף מיר: —
„וואָס פֿליט אַזוי אין הימל אום דײַן קעפּל,
אַז ס'האַלטן זיך די בגדים ניט אויף דיר,
פֿאַרטראַכט, דרייסט אָפּ אַ קנעפּל נאָך אַ קנעפּל..."

אָ, מאַמע, ווען דו וואָלסט זײַן, וואָלט דיך געפֿרייט,
וואָס איך, אַ זקן שוין, גיב דיר צו וויסן:
דער קנאָפּ, מיט וועלכן האָסט מיך צוגענייט
צום לעבן, איז נאָך אַלץ ניט אָפּגעריסן...

## די טיר

די טיר, וואָס עפֿנט זיך צום גליק,
איז נעם כאָטש רײַס זי מיט די ציין,
צום אומגליק — יעדן אויגנבליק
צעעפֿנט זי זיך ברייט אַליין.

פֿאַרמאַכט פֿאַר אונדז איז דאָס געצעלט
מיט היים און וואַרעם הינטער איר;
איז פֿאַרן אַוועקגיין פֿון דער וועלט,
לאָמיר אַ קלאַפּ טאָן מיט דער טיר.

## מײַן װאַסער־קענדל

מײַן װאַסער־קענדל גײט אַרום אין סאָד,
דער זומערדיקער היץ סע רעדט אַנטקעגן.
זײַ, ליקע, װי אַ װאָלקנדל מיט גנאָד,
גיס אױס אױף יעדן גרעזעלע אַ רעגן.

װי דו באַפרישסט, דערקװיבערסט מיר די ערד,
אַזױ זאָל גאָט זײַן טױ דיר אײביק שיקן,
ניט יעדן איז, װי דיר, דאָס גליק באַשערט
די שײנקײט מיט אַ רעגנדל צו דערקװיקן.

## דער אַראָפּגעפֿאַלענער פֿליִער

בײַ שטערנשײַן ער פֿלעגט זיך הױדען,
זיך װיגן בײַ דער שײַן פֿון זון,
ער האָט זײַן לופֿטיקע עבֿודה
מיט התמדה גוט געטון.

אָן שלאָף בײַנאַכט און װאַך בײַ שטראַלן,
האָט ער זײַן אומרו־גאָט געדינט,
און אָט — אין שטױב ער ליגט, געפֿאַלן —
דאָס האָט אים אָפּגעדאַנקט דער װינט.

## אין שטייסל

מע פורעמט שיין די מצה אויס,
אַז זי איז טאַקע עפּעס אויסן,
דערנאָך, צוליב אַ קעזל בלויז,
מע נעמט אין שטייסל זי צעשטויסן.

אויף יענער זאַך כ׳קוק דורך אַ טרער,
וואָס מ׳האָט צעברעקלט זי אויף שטיקלעך.
ווײַל צו אַזאַ מין פּאָלק כ׳געהער,
וואָס צעדרויבט איז און אומגליקלעך.

## מײַן טשעמאָדאַן

זײַן לעדער, וואָס געווען איז ברוין,
הענגט ווי אַ פעל אַ גרײַלעך־מיאוסע,
פאַרמאַכן קאָן ער זיך ניט שוין
און ס׳איז צעבראָכן אַ זאַוויאַסע.

וואָס איז אין אים שוין דען פאַראַן ?
נאָר מיסט — אַן אָרט פון זײַנעטוועגן.
איז אָבער פול מײַן טשעמאָדאַן
מיט לאַנג פאַרגאַנגענע שוין וועגן.

## צו דער טויב

איך האָב געוואָלט
זיך טאָן אַ שפּיגל
אין גרינעם גאָלד
פון דײַנע פליגל,
אין העלן רונג
פון דײַנע אויגן,
נאָר ווי אַ פונק
ביסט אָפּגעפלויגן.

## אָפּצווײַגן

כ'האָב ליב דעם שטאַם, זײַן מעכטיקייט, זײַן שטאַלט,
ווען ער צעצווייט זיך און זיך צעדריטלט,
זעט אויס, ווי גלײַך אַ לײַכטער זײַן געשטאַלט;
כ'האָב ליב דעם סוק וואָס שטראַליק זיך צעריטלט,
נאָר צווײַגן לײַכטן פּאַר מײַן האַרצן קלערער
מיט טרייסטנדיקן פײַער וואָס איז גרין,
דאָך אָפּצווײַגן מיט קנאָספּן כ'ליב נאָך מערער, —
די אייניקלעך מען ליבט נאָך מער פון די זין.

## טרייסט אויף דער עלטער

ס׳פּאַרפּליט דער שפּילפויגל ווען בלעטער פאַלן,
מיט זייער גינען דער זומער ווערט אויסרינען,
אויך מײַנע טעג שיטן אָפּ זיך פון מיר ווי שטראַלן,
נאָר ס׳ווערט מײַן קרוין ווי זײַנע מער ניט גרינען.

כ׳וואָלט מער פון בוים געוויינט מיט אָסיענדיקע טרערן,
נאָר בעסער זענען ווי צו אים צו מיר די געטער,
צו מיר די זינגענדיקע פייגל ערשט זיך קערן
אין האַרבסט,
ווען ס׳פאַלן שטיל פון מיר שוין מײַנע בלעטער.

## אַ פֿאַלנדיקער שטערן

כ׳בין לאַנג געגאַנגען אויסגעבויגן,
ס׳האָט לאַנג די הייך מיר ניט געשטראַלט,
ווען אויפֿגעהויבן כ׳האָב די אויגן,
האָב איך דערזען אַ שטערן פֿאַלט.

ער שיט זיך אָפּ ווי גלייַך אַ בלימל,
מיר גורלדיקס אין אים זיך הערט,
ווען שטאַרבן וועט זייַן שייַן אין הימל,
מייַן שייַן וועט שטאַרבן אויף דער ערד.

# אינהאַלט

## צו דער זאַך



## פֿון זאַכן איז ניט אַוועקצומאַכן



## די טרייסט פֿון שײנקייט